# א י ן
# שפּיגעל

## פֿאָלקסטימליכע

## לירישע

## לידער

פון מאיר וועלטמאן

# דיכטער און איך

## הקדמה

דיכטער זענען אָפט פאַרטיפט
אין טיפזיניגע רעיונות —
לידער שאַפען זיי אין שריפט
אויף כל׳ערליי לשונות.

זייערע לידער דיכטער שאַפען
נביאיש — פילאָזאָפיש,
וועגען הערשער, וועגען שקלאַפען
פון נאַטור און וועלט — אין סופיש.

וועגן ליבע, וועגען פרייהייט,
וועגען פרייד, לייד און טרויער,
וועגען גליק פון דער מענשהייט
געזאַנגען פאַר דעם אויער.

לידער ריין — נשמה׳דיגע
פון לויטערע געדאַנקען,
לידער וואָס פאַר׳שיכור׳ן
ווי שטאַרק — שאַרפע געטראַנקען.

און איך שרייב לידער מיינע
פשוט און פאָלקסטימליך,
איך בין מיט די לייענער
חבר׳יש-אינטימלעך...

אזוי ווי אין אַ שפּיגעל
זעט איר אַ סך זאַכען,
אמאָל זענען זיי ערנסט
און אַ מאָל ווילט זיך לאַכען.

דעם לייענער, מיינע לידער
זיין וועט היימיש נאָענט,
לייענען וועט ער ווידער
און האָבן שטאַרק הנאה...

## דאָס ליד פון אַ שניידער

איך בין אַ קאַטער,
שניידען איך קען;
אַ מיטגליד־ברודער בין איך
פון לאָקאַל „צען”.

די „פּעטערנס” איך צייכען,
די וואַרע איך שפּרייט,
איך צעשנייד אויף שטיקער
ווען ס'איז גרייט.

מיט דעם לאַנגען מעסער
אַראָפּ און ארויף;
מיט דעם רונדען מעסער
אַרום, ארום אַ שרויף —

צעשנייד איך די וואַרע
אויף שטיקער אוים,
אויף חלקים אַ סך
קליין און גרויס.

מיט דעם קורצען מעסער
צייכענס איך מאַך,
דער אָפּערייטאָר זאָל ניט
טראַכטען קיין סך.

איין חלק צום צווייטען
ווי מ'פאַרלאַנגט,
איין שטיק צום צווייטען
וואו ס'באַלאַנגט.

פון אַלע שטיקער
געמאַכט ווערט איין שטיק,
קומט אַרויס אַ מלבוש
גאַר אַן אַנטיק.

טראָגט עס אויף זיך
אַ מיידעל — אַ פרוי,
און איך, ווי איר זעט,
מאַך אַ לעבען אַזוי...

## אַ מענש אין שפּיגעל

קוקט זיך אַ מענש
אין שפּיגעל אַריין;
זעט ער אַ צווייטען
ווי ער זאָל עס זיין...

דאַכט זיך דער זעלבער,
דאָס פּנים, די שטריכען;
נאָר מאָדנע געדאַנקען
אין קאָפּ אַריין קריכען...

דער וואָס אין שפּיגעל
איז צו דין אָדער פעט;
ס'פּאַסט אים אויך נישט
דער טואַלעט...

דער וואָס אין שפּיגעל
קוקט נאָר אויס עלטער,
ווי אין אַ מאַסקע
אַ פאַרשטעלטער...

דער וואָס אין שפּיגעל
איז אַ גאַנצער בן־בית,
מאַכט נאָך גרימאַסען,
מאַכט נאָך „האַוואַיעס"...

אַמאָל ניט קיין שיינע,
וואָס טוען זעהר וויי;
פון ווייטאָג, דער מענש
גיט אַ געשריי...

נאָר יענער אין שפּיגעל
ווי גאָר קיין פּאָר ניט,
פאַרקרימט מער דאָס פּנים
שווייגט און זאָגט גאָרניט...

זאָל דער מענש מיט זיין קאָפּ
ניט שאָקלען אויף ניין,
דער—אין דעם שפּיגעל
איז ער — ער אַליין...

## אין צייטונג רעדאַקציע

ס׳רוישט און ס׳ברויזט
מיט אימפעט און אַקציע,
ווי אין אַ בינשטאָק,
אין צייטונגס־רעדאַקציע.

שרייבערס זיי שרייבן
נייעס באַריכטען,
אַרטיקלען פאַר לייענערס
פון אַלערליי שיכטען.

פּראָבלעמען, געשיכטעס,
פון מענש און נאַטור;
וויסענשאַפט, קונסט,
ליטעראַטור.

געדרוקט ווערט די צייטונג
אין אַ באַזונדערן חדר,
טומעל־געבריאַזג דאָרט
הערט זיך כסדר.

ווערטער און בילדער,
ציגעל פון בליי;
גרויסע און קליינע
טעגליך פריש־ניי.

פון די דאָזיגע ציגעל
געמאַכט ווערט אַ „בנין",
געפינט איר דאָרט זאַכען
פון יעדען מין ענין.

אַרטיקלען און לידער,
אַנאָנסען פון אַלעם;
קאָרעספּאָנדענצען
און תשובות אויף שאלות.

די צייטונג, אַ פרישע,
אַ פּאָר סענט בלויז דער פרייז;
קאָסט עס דעם לייענער
אַ טאָג גייסטיגע שפּייז.

## דעם מענשענ׳ס זכרון

דעם מענשענ׳ס זכרון —
אַ געהיימער אַפּאַראַט;
אויף אַ הויכען גאָרן,
אין אַ קאַמער, פּריוואַט...

דאָרט אין דעם קאַמער,
ווי אין ים, זעהר טיף;
ליגען אוצרות־זכרונות
אין אַ גרויסען אַרכיוו...

זכרונות פאַרשידענע,
אין משך פון יאָרען;
און אַ שיעור זענען
געזאַמעלט געוואָרען.

אַ טייל ליגען באַהאַלטען
אויף תמיד פאַרגעסען;
פיל קומען דערמאָנען
פון אַמאָל־אינטערעסען...

זכרונות פון פרייד,
זכרונות פון שרעק;
זיי פירען דעם מענשען
אין עבר אַוועק...

גוט אַרבעט דער זכרון
ער קומט און ווי אַ כוואַליע;
שלעכט אַרבעט דער זכרון
ווען אַ שרייפעל ווערט קאַליע...

# חלומות

אויף דער גאָרער וועלט,
אין אַלע מקומות —
אַ מענש אין זיין שלאָף
חלומ׳ט חלומות.
אין די חלומות
באַווייזען זיך בילדער,
קאָשמאַרע און ווילדע,
אויך שיינע און מילדע.
ווי אין די „מואווים" געשפילט,
נאָר אויף אַן אַנדער אופן,
דער תמצית, דער מיין,
איז שווער צו באַגרייפען.
אַזעלכע מאָדנע
סוזשעטען און טעמעס,
פיל שוישפילער קומען
פון עולם האמת...
דער בעל החלומות
אָפט שפילט מיט אַליין,
שפּעטער דעם חלום
ער קען ניט פאַרשטיין.
פּאָרשען דעם ענין
די פסיכאָלאָגען
זיכער דעם פתרון
זיי קענען ניט זאָגען.
איז אַ סך געזינטער,
איז אַ סך בעסער,
אז מען זאָל באַלד גאָר
דעם חלום פאַרגעסען...

## אַ גאַסט אין „שטעטעל"

קיין ניו יאָרק איז אַ גאַסט
געקומען פון ווייט.
וואו ער וויל פאַרברענגען
אַ קורץ שטיקל צייט.
ער האָט דאָ סיי נאָענטע,
סיי ווייטע פאַרוואַנדטע,
דערצו נאָך פיל פריינט
און אַלטע באַקאַנטע...
צעשפּרייט און צעוואָרפען
פון בראָנקס ביז בראַיטען
וועט ער אַלעמאָל דאַרפען
האַלטען אין בייטען —
די אויטאָ־באָסעס,
אונטערערדישע באַנען
אין ניו יאָרק אַזוי פיל
זיי זיינען פאַראַנען...
אין יעדען געגענט
אַן אַנדער מין סאָבווי,
מ׳קען פון׳ם בלאָנדזשען
נאָך קריגען אַ קאָפּווי...
אויב ער וועט מוזען
אַזוי ארומפאָרען
זיך זעען מיט יעדען
וועט דויערן יאָרן...
איז אים איינגעפאַלען
גאַנץ פשוט און פּראָסט,
איינלאַדן יעדען
אָט אַזוי דורך פּאָסט:
קומט, פריינט, צו מיר גיך
וועל איך אייך דערציילען —
אַ ירושה האָב איך
מיט אייך זיך צו טיילען...

## אין די איצטיגע טעג

דאָס לעבען איז היינט
היפשלעך געביטען
עס איז די וועלט היינט
צעטיילט און צעשניטען.
ערשט נעכטען פיל פעלקער
זענען שקלאַפען געוועז,
היינט זאָגען זיי דעות
אין דער „יו־ען".
עס איז היינט, רבותי,
גאַר אַנדערע צייטען,
אין נאָמען פון שלום
פעלקער זיי שטרייטען.
יעדער וויל האָבען
פאַר זיך די „שיסעל"
איינער דעם צווייטען
סטראַשעט מיט מיסעלס.
די וועלט ליידט, רבותי,
פון אַ קראַנקהייט „פּראָגרעס"
געזונט קען זי ווערען,
נאָר דורך אַ נס...

## שלום איז אַ חולה

אונזער שלום איז א חולה,
ס'איז זיין לעבען אין סכנה...
גוטע פריינט, מענטשען וואוילע
זאָגען תפילה מיט כוונה.
אַלע מאָל אַן אַנדער אָרט,
אַן אַנדער אבר טוט אים וויי;
זיינע פריינט זיינען באַזאָרגט
און אים העלפען ווילען זיי.
ער זעט שוין אויס ווי אַ סקעלעט,
און פאַרענדערט איז ער געוואָרען
אים אָפּט באַזוכען ביי זיין בעט
דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן...
איז די האָפענונג שטאַרק און גרויס,
אַז פון דעם קריזיס, פונ'ם שווערן,
וועט אונזער שלום שנעל אַרויס
און געזונט איינגיכן ווערן...

## שיינט די זון...

שיינט די זון און די לבנה,
אויף דער ערד און אויפ'ן ים;
לעבן מענשען אין סכנה,
אָן אַ זין און אָן אַ טעם.
האַלטן מענשן זיך אין שלאָגן,
אי מיט רייד, אי מיט געווער;
וויפיל רייכטום זיי פאַרמאָגן,
ווילען זיי אַלץ מער און מער.
איז אַ שטענדיגער געראַנגעל
צווישן ווייס, שוואַרץ און רויט;
און אין יושר איז אַ מאַנגעל,
מ'קעמפט אויף לעבען און אויף טויט.
ווייט און ברייט איז די יבשה,
און אויף איר אַ שיינע וועלט;
ס'לעבן וואָלט געווען נישקשה,
איז עס אָבער איינגעשטעלט...

## מענשען וואַרטען...

פליען הויך אַסטראָנאַטען
און נאָך העכער קאָסמאָנאַטען,
דאָ און דאָרטן, מענשען וואַרטען
אויף די גוטע רעזולטאַטען...
מאַרשירען ערגעץ-וואו סאָלדאַטען
מיט ביקסן, באָמבעס און גראַנאַטן,
דאָ און דאָרטען מענשען וואַרטען
אויף די „גוטע" רעזולטאַטען...
פון אַלע עקען — דעלעגאַטען
פירען, טומעלדיג דעבאַטען,
דאָ און דאָרטען מענשען וואַרטען
אויף די גוטע רעזולטאַטען...
קומען גרויסע דיפּלאָמאַטען
ווענען שלום זיך באַראַטען,
דאָ און דאָרטען מענשען וואַרטען
אויף די גוטע רעזולטאַטען...

## וו י י ט י ק

פון דעם אָנהויב
ביז דעם סוף,
מענטשען ליידען
ווייטיק אָפט.

אַמאָל מילדליך,
אַמאָל שווערליך,
אַמאָל ווייטיק
איז געפערליך...

מוטשעט ווייטיק
אַמאָל אַזוי אים,
העלפען דאַרפען
אים דאָקטוירים.

די דאָקטוירים,
קרענק זיי ווייסען,
רעצעפּטען נעמען
אים זיי הייסען.

האָט דער חולה
קיין אַנדער ברירה,
וויל פּטור ווערען
ליידען שווערע.

שטעכט מען אים נאָדלען
שלינגט ער פּילען,
כדי דעם ווייטיק
איינצושטילען...

## אין שלאָפלאָזען נעכט

אין שלאָפלאָזען נעכט,
פילט דער מענש שלעכט
נאַכט-לאַנג ווי דער גלות,
אין פינצטערער נאַכט,
ליגט ער און טראַכט,
פאַרשידענע מחשבות.
ביים מאָרגענשיין,
שלאָפט ער קוים איין,
חלומ'ען אים זיך חלומות,
אַזעלכע אַוואַנטורעס
פון פרייד און פון צרות
אין נאָענט-ווייטע מקומות...

## פילן

דאָקטוירים הייסען
שלינגגען פילן,
וועלען מענשען,
בעסער פילען.
פילן זענען א
געמיש פון זאכען,
וואָס היילט דעם חולה,
וואָס שטאַרקט דעם שוואכען.
מעדיצינען
און וויטאַמינען,
פילן, פילן
פון אַלע מינים.
ווייסע, שווארצע,
רויטע, ברוינע,
אין אפטייק, זיי
קויפט דער קונה.
פול די פאָליצעס,
די שראנקען,
מיט די פילן
ביי די קראַנקע...
מ'דארף זיך היטען
אלע צייטען
מ'זאָל די פילן
ניט פארבייטען...

## פונקט פארקערט

ווערטער צוויי אָפט מ'הערט
מענשען זאָגען: — „פונקט פאַרקערט".
עס האָבן זאכען א סך ווערט,
אַנדערע אָבער — פונקט פאַרקערט.
וויל מען לעבען אומגעשטערט,
לאָזט זיך אויס — פונקט פארקערט...
איינער גלויבט אין „באַשערט"
און אַ צווייטער — פונקט פאַרקערט...
איין מענש זעט מען טראַכט און קלערט
און אַ צווייטער — פונקט פאַרקערט...

## ווער איז גערעכט?

מקדמונים
וויכוחים פירט מען,
די געלט־פראגע
דיסקוטירט מען.
אַ טייל זאָגען,
אַז דאָס געלט
איז די הויפּט־זאך
אויף דער וועלט.
פאַר געלט קריגט מען
יעדע זאך:
כבוד, „חכמה"
און אויך מאַכט...
אפילו געזונט
פון בעסטען רופא
קען מען אָפּט
פאַר געלט קויפען...
קומען אַנדערע
און זאָגען,
אַז נגידים
וואָס געלט פאַרמאָגען,
און דאָס געלט
איז ביי זיי דער עיקר,
זענען פּשוט
פון דעם שיכור...
אָט־די מענשען
זיי פארגעסען
אין די העכערע
אינטערעסען,
ווי: מענשליכקייט,
יושר, אידעאַלען,
שעפּען וויסען
פון טיפע קוואַלען.
אַי, ס'איז ניט גוט —
אָן געלט?
אַי, ס'איז ביטער,
ווען עס פעלט?
איז טאַקע שלעכט,
נו, זאָגט אידען,
ווער איז גערעכט?...

## דער רעפּרידזשערייטאָר

אין דער קיך איז פאַראַן
אַ רעפּרידזשערייטאָר,
אַ קליינער רעסטאָראַן
נאָר אָן אַ וועיטער...
פאַר גרויס און פאַר קליין
איז ער כמעט
אַ „נעם פאַר זיך אַליין"
אויטאָמאַט...
די מאכלים
און די געטראַנקען,
זענען זיכער אין אים
ווי געלט אין די באַנקען.
שטעלט מען פּראָדוקטען
אין „אויטאָמאַט" אַריין,
האַלט מען זיי דאָרטען
זיי זאָלען גרייט זיין.
אַ סעודה צו מאַכען,
דערלאַנגען צום טיש,
גוט־באַ'טעמ'טע זאַכען
צו יעדער צייט פריש...

## בריוו געשריבענע

בריוו גוט־מיינענדיגע,
בריוו בשורות־טובות'דיגע,
בריוו ווייווייענדיגע,
בריוו טיף־סודות'דיגע...
בריוו קלוג־דענקענדיגע,
בריוו הומאָריסטישע,
בריוו טיף־בענקענדיגע,
בריוו אַפּעריסטישע...
בריוו נושא־חנ'עוודיגע,
בריוו דערוואַרעמדיגע,
בריוו בייז־ריידעוודיגע,
בריוו שטאַרק — ליאַרעמדיגע...
בריוו געשריבענע יאָגען זיך,
טאָג און נאַכט זיי וואַנדערען,
מיט „מיסיעס" זיי טראָגען זיך
פון איינעם צו דעם אַנדערן...

## אין די סאָבוועיס
## פון ניו יאָרק

אין די סאָבוועיס
אונטער ערד,
לויפען באַנען
הין און הער.

ברוקלין, קווינס,
בראָנקס, מאַנהעטען;
עקספרעס און לאָקאַל
מ׳דאַרף נאָר בייטען.

די פאָרער מאַסען
אָרים, רייך,
אַלע ראַסען
זענען גלייך.

מענשען פרעמדע,
מ׳קען זיך וויניג;
צוזאַמען שטייען
דאָרט פאַראייניגט.

פאָרען באַנען
אַראָפּ, ארויף,
טאָג און נאַכט
אָן אַ סוף.

באַצאָלט אַ „טאָקען״,
פרעגט קיין שאלות;
אַ סאָבוועי סיסטעם
מיט אַלע מעלות...

בלויז די געפינען
אַ חסרון...
וואָס מיט די באַנען
זיי פאַרפאָרען...

## קאַנדידאַטען

פון פּאַרטייען
די דעלעגאַטען
זיי באַשטימען
די קאַנדידאַטען:

פאַר אַ פּרעזידענטט
אויך פאַר אַ „וויצע"
און ביי דעם עולם
בעטען זיי שטיצע...

די קאַנדידאַטען
באַזונדער זיי לויפען
מיט אַנדערע וועגען
אויפ'ן זעלביגען אופן...

די קאַנדידאַטען
זיי דעבאַטירען,
איינער דעם צווייטען
זיי קריטיקירען.

צו די חשוב'ע בירגער
זיי אַפּעלירען:
— גיט אונז די מלוכה —
מיר וועלען זי פירען.

זיי זאָגען צו יעדען
טובות און גליקען,
מיט אַלעם—גוטען
וועט מען זיך קוויקען.

פילט זיך דער בירגער
געשמייכעלט, געהויבען,
טראַכט ער און קלערט
וועמען צו גלויבען.

## דער טעלעפאָן

אין דער גאָרער וועלט
גאָר אויבען־אָן,
אַ פּלאַץ פאַרנעמט
דער טעלעפאָן.
ווען איינער דעם צווייטען
האָט וואָס צו זאָגען,
ברענגען די דראָטען
גלייך עס צו טראָגען.
סיי יונג און סיי אַלט
אויף יעדער מין שפּראַך,
מ'שמועסט און מ'רעדט
פון יעדער מין זאַך.
ס'איז טעלעפאָנירען
היינט אַ רגילות
פאַר ביזנעס צו פירען
און רעדען רכילות...
דער טעלעפאָן איז
וויכטיג און ניצלעך,
אַמאָל טוט ער אָפּ
שפּאַסיגע שפּיצלעך...
ס'איז אַ געזונט נויטיג
די יעניגע באַשטראָפען
מיט אַ נומער אַ פאַלשען
זיי שטערן דאָס שלאָפען...

## דער זייגער

גייט זיך דער זייגער
אויף זיין אייגענעם שטייגער,
דרייען זיך וועיזערם צוויי,
ווי פאַרליבטע, זיי
באַגעגענען זיך
יעדע שטונדע
אויף אַ ציפערבלאַט
אַ רונדען.
ניט קיין סודות
טראָגען זיי,
אונז דעם אמת
זאָגען זיי —
ווי נאָענט,

צי ווי ווייט,
עס איז די צייט,
ווי פרי ס'איז
צי ווי שפעט.
דער זייגער
ווי איר זעט,
זעהר נוצליך איז ער
און זעהר וויכטיג;
אָנגעשטעלט מוז ער
אָבער זיין ריכטיג...

## טויבען

שיינע, גוטע,
שטילע טויבען,
זע איך דורך
מיינע שויבען.

זיי שפּאַצירען
אַזוי פריידליך,
וואָרקען, זינגען
ליבעס-לידלעך...

ניט מ'יאָגט זיך,
ניט מ'שלאָגט זיך;
קיינמאָל, קיינמאָל
מ'באַקלאָגט זיך...

און זיי פליען
ניט צו הויך,
זיי טוען זיך
ניט אָן קיין כוח...

טומעל מעג זיך
זיין ווי שרעקלעך,
טויבען קלויבען,
עסען ברעקלעך...

מענטשען ליבען
און זיי לויבען,
די צאַרט-שטילע
שלום-טויבען.

## אויף אַ חתונה

געסט פיל אויסגעפּוצטע
אין אַ שיינעם זאַל,
טומעלדיגע, פריילעכע
ווי אויף אַ קאַרניוואַל.

הויך שפּילען קלעזמער
זינגט איינער אויף אַ קול,
טאַנצען יונגע פּאָרלעך
זייער „ראָק און ראָל"...

שפּילט מען נאָך אַ פריילעכס
טאַנצען אַלט און יונג,
אַרום, אַרום מען דרייט זיך
און מען גיט אַ שפּרונג...

גרייט זענען מאכלים
פון יעדער זאַך לרוב,
אין די גלעזלעך, משקה
גיסט מען אָן אַ סוף...

חופּה וקידושין גיט
אַ חזן ניט קיין שלעכטער,
און דער חתן, אַ גלעזעלע
מיט העלדישקייט צעברעכט ער...

מ'ווינשט דעם פּאָרל מזל-טוב
מיט מזל זאָלט איר לעבען,
ברכה און הצלחה — זאָל
גאָט זיי ביידען געבען.

מ'גייט צוריק אין זאַל אַריין
מ'צעזעצט זיך אַרום טישען,
מ'עסט אַ גוטע „וועטשערע"
און מ'טאַנצט צווישען...

די כלה טאַנצט אַ פריילעכע,
אַ גליקליכע צופרידען,
זאָלען שמחות תמיד זיין
ביי אַלע, אַלע אידען.

## מזל טוב

אין אַ שפּיטאָל
האָט מיטאָמאָל

אַ קימפּעטאָרין
אַ קינד געבאָרען.

דאָס באַשעפענישעל
אַ קליין נפש׳ל

ווי אַ שיין פייגעלע
ליגט עס אין וועגעלע,

ווי אַ שיין בלימעלע
כאַפּט עס אַ דרימעלע.

זענען פול מיט פרייד
טאַטע־מאַמעס רייד...

אַ קלייניגקייט,
אַזאַ שייניקייט,

אַזאַ ליכטיגקייט
אַ גרויס וויכטיגקייט...

קומען פריינט
גיבען אַ בליק

און זיי ווינשען
טאַטע־מאַמע גליק.

## פּראָבלעמען

ביי מענשען זיינען פאַראַן פּראָבלעמען,
וואָס זעהר גרינג לייזען קען מען.
שווערער זיינען די פּראָבלעמען,
זיי צו לייזען לאַנג דאַרף נעמען...
פול מיט סודות זענען פּראָבלעמען,
וואָס מיט זיי מדאַרף ׳זיך שעמען...
אַ פּראָבלעם איז דער, ביי וועמען,
ניט פאַראַן איז קיין פּראָבלעמען...

## פיש צום טיש

אין דער הײם בײ זיך
פילען זיך
אַלע פיש אין װאַסער,
זײ מערען זיך,
זײ נערען זיך
אין אַ װעלט אַ נאַסער.

גאַנצע ראַסען
אין די מאַסען,
די גרױסע און די קלײנע;
פיש די שטומע
תמיד שװימען
אױסגעבאָדען — רײנע.

שטאַרקע, שװאַכע,
אַלע װאַכע,
זײ יאָגען זיך און װאַנדערען,
װילען זײ עסען
„דעליקאַטעסען"
עסען זײ אײנע די אַנדערע...

מיט װאונשען פרומע
פישערס קומען
און אױף אַ כיטרען אופן
כאַפּען זײ
פיש, כדי
צו קונים זײ פאַרקױפען.

דאַרפען פיש
אױפ'ן טיש
זײן געװיסע מינים,
זײן דאַרפען פיש
בא'טעמ'ט און פריש
אַזױ זאָגען מבינים...

## פאַראייניגטע פעלקער
## יו־ען

אינמיטען מאַנהעטען
אין די פּערציגער גאַסען,
אַ פּראַכטפולער בנין
ביים ברעג פונם וואַסער.

דאָרט האָט די יו־ען
איר אייגענע היים,
דאָרט איז פאַרזאַמעלט
דער פעלקער־פאַראיין.

דעלעגאַטען פון לענדער
איבער צען מנינים,
פאַרהאַנדלען צוזאַמען
וועלט׳ס שווערע ענינים.

מזרח און מערב
צפון און דרום,
פון גאָרער וועלט שותפים
אין אַ גלעזערנעם טורעם.

זוכען וועגען און מיטלען,
מלחמות צו פאַרמיידען,
די וועלט פון א חורבן
זאָל חלילה ניט ליידען.

אונזער האַרציגע ברכה
דריקען מיר אוים מיט דער פען,
זאָל לעבען און שטאַרק זיין
אונזער יו־ען.

# אטלאנטיק סיטי

אטלאנטיק סיטי
ביי דעם ים-ברעג,
רעש'יג איז זי
אין זומער-טעג.
פון די כוואליעס
וואָס זיי זשומען,
פון די מענטשען
וואָס זיי קומען...
פון דעם עולם,
גרוים און קליין,
אין אַ טומעל
אין אַלגעמיין...
די פאַרקויפערס
רעקלאַמירען
עסען, טרינקען,
סואווענירען...
אויפ'ן „באָרדוואָק"
נעסט שפּאַצירען,
אויף די בענק
זיי דיסקוטירען...
די האָטעלען
אָן אַ צאָל,
אויך מאָטעלען
זענען פול.
אין די הייזער
אַ גאַנצען זומער,
איז פאַרנומען
יעדעם צימער.
בלאָזען ווינטלעך
פון דעם ים
פאַרלירען זיי
אין „טאַראַראַם".
די זון פון אויבען
שיינט און בריט,
עס רייצט די לופט
דעם אַפּעטיט...

## קאָני אײלאַנד

צווישען ברײטאָן,
און סי־געיט,
אין יו־עס־עי,
ניו יאָרק סטייט.
קאָני־אײלענד
געפינט זיך דאָרט,
אַ פרײלעך פּלאַץ,
אַ פאָלקס רעזאָרט.
פון דער נאָענט
און פון װײט,
קומען מאַסען
זומער־צייט.
קאָני אײלענד
מיט צויבער, חן,
אַמוזירט עס
גרויס און קליין.
מיט געפילדער,
טאַראַראַם,
אויפ׳ן „באָרדוואָק״
ביי דעם ים.
אויף סוירף גאַס
און יעדען געסעל,
קאָכט עס, זידט עס,
ווי אַ קעסעל.
פרייליכע מאַסען
זוכען, קריגען,
עסען, טרינקען,
פאַרגעניגען.
אויף דעם זאַמד
קינד און קייט,
אויף דעם גאַנצען
ברעג צעשפּרייט.
און די כוואַליעס
רוישען, שטיפען,
ווייט־ווייט זעט מען
שווימען שיפען.

## אויטאָמאָבילען

אַן שיעור אויטאָמאָבילען
הײַנט דאָ עקזיסטירען,
פאַרשידענע מאָדעלען
און אַלערלײ קאָלירען.

װאו נאָר מ׳טוט זיך קערן,
װאו נאָר מ׳װאַרפט די אויגען
אַרום די טראָטואַרען
און אויף אַלע, אַלע װעגען.

די אַלע װאָס פאַרמאָגען
אײגענע אויטאָמאָבילען
פאָרען, מעג מען זאָגען,
װאוהין און װען זײ װילען . . .

„באַלעגאָלעס" די מאָדערנע
די אַלע „רעדעל פירער"
קריגען „טרײב-פּאַפּירען"
פון די שטאָט-רעגירער.

טרײבט מען און מ׳יאָגט שנעל
אויף װעגען און אויף גאַסען
זײנען לעבענס אײנגעשטעלט
פון די פּוסגײער, די מאַסען . . .

## אויף אַידעלוואַילד

אַידעלוואַילד לופט-פעלד,
אַ שטח גרוים און ברייט;
געביידעם ניי-מאָדערנע
דאָ און דאָרט צעשפּרייט.

פיל אויטאָמאָבילען דאָרט
זענען אויסגעשטעלט,
אַ סך עראָפּלאַנען דאָרט
פון אַרום דער וועלט.

די עראָפּלאַנען טומלען,
זיי קלאַפּען און זיי זשומען;
סיי בשעת פאַרלאָזען,
סיי בשעת אָנקומען.

מענשען פּאַסאַזשירען
פון איעדען מין,
טאָג און נאַכט זיי פליען
אַהער אָדער אַהין...

איינער פליט גאָר נאָענט,
אַ צווייטער — ערגעץ ווייט;
מ'איילט זיך און מ'יאָגט זיך,
מ'האָט ניט גענוג צייט...

געפינען זיך חכמים
אַזעלכע וואָס זאָגען;
„געלעבט האָט זיך רואיגער
אַמאָל מיט פערד און וואָגען...

# „טעקסיס"

אויף דעם אָרט
פון פערד און וואָגען,
אויף די גאַסען
איילען, יאָגען
ט ע ק ס י ס —
אַלערליי קאָלירען,
און געניטע
„דרייווערס" פירען
איילענדיגע
פּאַסאַזשירען,
וואוהין זיי דאַרפען
ביז די טירען.
אין די טעקסיס
„זייגערס" שטומע
קלאַפּען, ציילען,
היפּשע סומען.
מיט דעם „טיפּען",
מיט דעם שטייער,
צאָלען מענשען
דערפאַר טייער.
דאַרף מען זיי דאָס
געלט פאַרגינען,
ווייל טאָג און נאַכט
זיי אונז באַדינען.
אָפטמאָל אָבער
איז אַ וויטיק,
מ'קריגט קיין טעקסי
ווען ס'איז נויטיג...

## אייניקלעך

מענשען אויף דער עלטער
טומלען זיך שוין וויי‏ניגער,
עס טומלען זיך די קינדער,
איבערהויפט די אייניקלעך.
די ליבע, זיסע אייניקלעך,
די אינגעלעך, די מיידעלעך,
זיי ריידען און פלאפלען
חכמה'דיגע ריידעלעך.
זארגלאז זענען קינדערלעך,
פראנק און פריי זיי פילן זיך,
צו יעדער צייט די אייניקלעך
זענען גרייט צו שפיילען זיך.
געזונט זיין זאלען קינדערלעך,
זיי לויפען און זיי שטיפען,
טומלען שטארק די אייניקלעך,
שטיל איז ווען זיי שלאפען.
פול דאס הויז תמיד איז
מיט זייער געלעכטער.
זיידע'ס, באבע'ס כבוד איז
זיין אפט זייערע וועכטער...

## גרייזען

אין יעדען לאנד, אין יעדען ישוב
אומעטום אין אלע קרייזען,
ווערען אפט ווי דורך א כישוף
אומגערן בעגאנגען גרייזען...
צאלען מענשען שווערען פרייזען
פאר א סך געמאכטע גרייזען,
אויסצוהאלטען פון די גרייזען
שטארקער דארף מען זיין פון אייזען...

## מר. דזשייקאָב קאָהען

(אַ פּאָרטרעט)

מיסטער דזשייקאָב קאָהען,
פון פלעטבוש דזשואיש צענטער,
אַ ביאַליסטאָקער טוער,
אַ איד, אַ פּראָמינענטער.

אַ איד אַ נגיד
מיט מזומנים...
אַ איד אַ ברייטער,
מיט אַ גוטמוטיג פּנים.

פון אַ באָרד קיין סימן,
זיין קאָפּ אַ גרויער,
פון הייזער גאָר גרויסע
איז ער אַ בויער.

ער איז אַ „נאַש-בראַט",
ערליך, באַשיידען
סיי אין זיין האַנדלונג,
סיי מיט זיין ריידען.

אין אותיות די קליינע
איז ער באַהאַוועגט,
מיט יראת הכבוד
ביים עמוד ער דאַוועגט.

ער גיט אַ סך צדקה
פאַר תורה-אַנשטאַלטען,
פאַר היילען קראַנקע,
פאַר היימען פון אַלטע.

גיבען אידען גרויס כבוד
דעם כהן — איש תמים,
ווינטשען זיי געזונט אים
און אריכת ימים.

# אַ איד אַ תלמיד חכם

געקומען קיין אמעריקע
אַ איד איז מיט „קוראַזש",
און געבראַכט פון יענער זייט
אַ גרויסען פּאַק „באַגאַזש"...

תורה, חכמה, אידישקייט,
דעם טלית מיט די תפילין;
און די זאַכען נוצען דאָ
איז געווען זיין ווילען.

דאַווענט ער יעדען טאָג,
לערנט ער, דער לערנער;
כאָטש געוואָרען איז ער דאָ
פרייער און מאָדערנער...

ער לערנט אויך מיט אַנדערע
דעם תלמוד אין חלקים,
און פרנסה ציט דער איד
פון אַנדערע עסקים.

גיבען אידען כבוד אָפּ
דעם גרויסען תלמיד־חכם,
רעדען אידען וועגען אים
מיט פאַרדינטע שבחים.

# שבת בין־השמשות
# אין פלעטבוש

ערגעץ-וואו אין פלעטבוש
שבת בין השמשות,
אידען אין אַ בית המדרש
הערען שיינע דרשות.

פאַרטייטשט איינער „עין יעקב"
אין פרקים פון משניות,
נאָכדעם דעבאַטירט מען
אידישע וועלט-נייעס.

עולם ווערט צעוואַרימט
נעמט מען קשיות שטעלען,
ווערט דערקלערט דער ענין
מיט אַן ענטפער מיט אַ שנעלען.

ווערט טונקל אין בית המדרש
שבת קודש גייט אַוועק,
נאָך הבדלה קומען באַלד
ניי-וואָכעדיגע טעג.

פאַר אידען דאָרט אין פלעטבוש
האָט עס אַ ממשות,
אין אַ בית-המדרש
שבת בין השמשות.

## צו פריינט

איר זענט ביידע, ביינאַנד
קיין ישראל געפלויגען,
און געזען דאָס לאַנד
מיט אייערע אויגען.

די פרויען, די מענער,
די אידישע קינדער,
די שטעט און די דערפער
די פּראַכטפולע בילדער.

כפר הראה, אתא, עכו,
חיפה, ירושלים,
מיט פריינט און משפחה
געמאַכט אַ לחיים...

די הנאה, די פרייד,
די נשמה'דיג־טיפע,
פון די וואַרימע רייד
ביי יעדע אסיפה.

ביי יעדע מסיבה
גערעדט און געזונגען,
עס האָבען פון ליבע
די הערצער געשפּרונגען.

פון באַזוך, פון דעם שנעל
די טיפע געפילען
לאַנג זיי וועלען ביי אייך
זיך ניט איינשטילען.

# שלום ישראל

ס'איז מיין הארץ פול מיט פרייד,
אַ ליד זינגען בין איך גרייט.
דערלעבט דעם נס, דערלעבט די צייט,
מיין אידיש פאָלק איז בעפרייט.

רעפריין: שלום, שלום ישראל,
פון די ניסים זינג, דערצייל. (2)

ירושלים, תל אביב,
שטעט און דערפער אין לאַנד טיף,
וואלד און פעלד, באַרג און טאָל,
אונזער אייגענס, ווי אַמאָל.

רעפריין: שלום, שלום ישראל,
פון די ניסים זינג, דערצייל. (2)

מיט געזאַנג און האַנט אין האַנט
שאַפט מיין פאָלק אַ מוסטער־לאַנד.
איז דערפאַר מיין פרייד זעהר גרויס,
זינגט פון הארץ אַ ליד אַרויס.

רעפריין: שלום, שלום ישראל,
פון די ניסים זינג, דערצייל. (2)

## קיין ישראל מיין חבר פאָרט

קיין ישראל מיין חבר פאָרט,
זען אַלץ וויל ער דאָרט.
די מדינה, וואָס אונזער פאָלק,
בויט דאָרטען מיט ערפאָלג.

די שטעט און דערפער איבערן לאַנד,
אנשטאט מדבר פול מיט זאַמד.
וואלד און בארג, פעלד און טאָל,
די שיינע בלומען אָן אַ צאָל.

נעם זשע חבר מיט מיין גרוס,
און האָב הנאה, האָב גענוס.
בשלום פאָר, בשלום קום
און ברענג צוריק פון דאָרט אַ בלום...

## ברוך הבא

איבער לענדער, אָקעאַנען,
ביזטו, חבר, אַרומגעפלויגען,
ערטער אַלטע, ערטער נייע,
געזען האָבען דיינע אויגען.

אין ישראל, אין אידיש היימלאַנד
ביזטו ערשט ניט לאַנג געוועזן,
קום, דערצייל אונז, ליבער חבר,
די וואונדער וואָס האָסט דאָרט געזען.

אויך געוועזן ביזטו אין רוסלאַנד,
וואו מיר האָבן געלעבט אַמאָל;
דו האָסט באַזוכט געוויסע ערטער
באַגעגענט אידען דאָרט אַ צאָל.

אַ הארציגן, שיינעם ברוך־הבא,
ליבער, גוטער, חבר חיים,
דערצייל אונז אַלץ פון די לענדער
פון'ם אַלטען און פון דעם נייעם.

# פיר דורות

מיסטער ריטשמאַן איז אַ איד
אַן אַסימילירטער,
דאָ, אין אַמעריקע,
געשעפטן גרויסע פירט ער.

פאַר זיין זון מאָנטגאָמערי
אַ „בר־מצוה" גרייט ער,
אין אַ האָטעל אַ גרויסן,
מיט אַ האַנט אַ ברייטער.

לאַנדסלייט פון דער היים
געדענקען און זיי ווייסן,
אַז ר' מרדכי־בער, ווי
זיין זיידע האָט געהייסן.

איז געווען אַ איד אַ פיינער,
אַ גוטער און אַ פרומער,
און געלערנט האָט ער תורה
סיי ווינטער און סיי זומער.

זיין טאַטע איז געווען אַמאָל
אַ רעוואָלוציאָנער,
אין דעם אינטערנאַציאָנאַל
היים געגלויבט האָט ער...

זיין גלויבען האָט זיך אָפּגעקילט
אין סיבירער טייגעס...
אויף דער עלטער זענען גאָר
אַנדערש זיינע דאגות...

ווי זיין זיידע מרדכי־בער
וואַקסט זיין זון אַ פרומער,
אין ישיבה תורה לערנט ער,
סיי ווינטער און סיי זומער.

## מיין זיידע ע״ה

ס׳פלעגט יעדן טאָג
פאַר מאָרגענשיין,
מיין זיידע גיין
אין בית-המדרש אריין.

מיט גרויס כוונה
האָט ער געדאַווענט,
אין שולחן-ערוך איז ער
געווען באַהאַוונט.

מצוות האָט ער
געטאָן מיט שמחה,
קיינמאָל האָט ער ניט
פאַרפעלט קיין מנחה,

און קיין מעריב
און קיין בענטשען
און האָט מכבד
געווען מענשען.

געלייענט קריאת-שמע
האָט ער פאַר׳ן שלאָפען
זענען מלאכים
זיך אָנגעלאָפען

אים צו היטען
פון אַלע זייטען,
אַזוי געדענק איך
פון יענע צייטען.

מיין גוטען, פרומען,
אַלטען זיידען,
רוען זאָל ער
אין גן-עדן.

## דעם זיידעניס לויה

ס'איז יענער טאָג נאָך איינגעקריצט
טיף אין מיין זכרון,
ווען דער זיידע, מענדעלע,
נפטר איז געוואָרען.
אין כסלו'ס אַ פרימאָרגען,
אין גרויסער שטאָט אָדעס,
שטייען רעדלעך אידען
און רעדען פון דעם מת.
זיי רעדען און דערציילען
פון בר־מנן די שבחים:
„ס'האָט אונזער פאָלק פאַרלוירען
„אַ גרויסען תלמיד חכם!"
לאַנג ציט זיך די לויה —
אַ יעדער איז דערשלאָגען;
און מחנות תלמידים קליינע,
קאַפּיטלעך תהילים זאָגען...
פאַרוויינטע „חכמי אודיסה",
ביים קבר, הספדים מאַכען;
זיי גיבען זיך אַ נדר,
איבער אידיש לשון צו וואַכען...
די ווערק, וואו שיין באַשריבען איז
ס'לעבען פון רייך און אָרים,
אַ ירושה איז אונז געבליבען —
פון „מענדעלע מוכר ספרים"...

## ה. לייוויק ע"ה

נפטר איז געוואָרען
אונזער דיכטער לייוויק
אין קבר, אין אָרון
רוען וועט ער אייביק.
זיין נאָמען איז באַקאַנט
געווען און געבליבען
פון נויט און פיין זיין האַנט
אָפּטמאָל האָט געשריבען.
זיינען אידען אין טרויער
פון פאַרלוסט דעם שווערען
ס'איז דער צער אומגעהייער
טריפען פאַלען טרערען.
טבת תשכ"ג

# דער סטאַק־מאַרק

ס'איז אין סטאַק-מארק
אַ גרויס געלויף,
סטאָקס מען קויפט
און מ'פאַרקויפט.

ס'איז אַ „שפּיעל",
אַ „לופ-דע-לופ",
אַט ארויף
און אַט אראָפּ...

מענשען, דאָרטען,
ווערען רייך,
און פון „גליקען"
ווערט אַ טייך...

מענשען קויפען
סטאָקס און גלויבען
אַז זיי ווע‌לען,
שנעל, זיך הויבען...

מ'ווערט נערוועז,
מ'קאָן ניט שלאָפען,
די סטאָק-האַלטער
האָפען, האָפען, —

אַז זייער סטאָק
וועט ארויף,
ריווח פיל וועט
זיין צום סוף...

און זיי זאָגען,
שטיל, אַ תפילה
דער סטאָק ניט פאַלן
זאָל חלילה...

ווייל „גאָט באַהיט"
ס'קאָן נאָך פירען,
אַז דאָס „העמד"
מ'זאָל פאַרלירען...

## אין חודש מאַי

ס'איז וואַרעם ווידער
אין די גלידער,
אין דעם שיינעם חודש מאַי.
בלומען בליען,
פייגעל פליען,
ס'איז פונ'ם ניי — אלעם פריי.
גראַזען דינע,
ביימער גרינען,
אין דעם שיינעם חודש מאַי.
אויגען גליען,
בליקען בריען,
ס'איז גוט אַזוי—זיין זיך פריי.
מענשען קעמפען,
זיך צו העלפען
פון שקלאַפעריי—אַרוים פריי.
ס'איז ליב און טייער
דער אַלטער-נייער,
גוטער, שיינער חודש מאַי.

## זומערצייט

די זון וואַרעמט
און דערבאַרעמט,
קינד און קייט
און אַלטע לייט
ז ו מ ע ר צ י י ט.
אין דעם דרויסען
מען פילט אַ גרויסען
באַגריף, באַדייט
פון זיין באַפרייט
ז ו מ ע ר צ י י ט.
בלומען בליען,
ביימער גרינען
מיט גראָז צעשפרייט,
די ערד באַנייט
ז ו מ ע ר צ י י ט.
מענטשען וואַנדערען
פון איין אָרט אין אַנדערען,
נאָענט אָדער ווייט,
פאַר אַן איבערבייט
ז ו מ ע ר צ י י ט.

## זומער לעבען

שיינט די זון און וואַרעמט
לופטיג איז אין דרויסען,
גרינען, וואַקסען ביימער
די קליינע און די גרויסע.
הויבען זיך די גראָזען,
בליען שיין די בלומען;
יעדער איז צופרידען
זומער איז געקומען.
אָפען טיר און פענצטער,
יעדער אָטעמט פרייער;
ליבער, שיינער זומער
איז יעדען איינעם טייער.
באַהאַלט מען שווערע קליידער
פאַר קומענדיגען ווינטער,
אָנגעטאָן וואָס לייכטער
איז אַ סך געזינטער...
מיד איז מען פון זאָרגען,
מיט דעם היינט מ׳פרייט זיך,
פאַרברענגען אַ וואַקאַציע
פלאַנט מען און מ׳גרייט זיך...

## מ׳פאָרט אין „קאָנטרי״

איינער פאָרט אין קאָנטרי
ווייל עס גייט אים גוט,
אַ צווייטער — ווייל עס פעלט אים
ענערגיע און מוט...
אַ דריטער פאָרט אין קאָנטרי
ווייל עס פעלט אים ניט קיין זאַך,
אַ פערטער — ווייל ניט דאָ געדאַכט
אין געזונט איז ער צו שוואַך...
אַ פינפטער פאָרט אין קאָנטרי
אַמוזירען זיך און הוליען...
אַ זעקסטער — פשוט רוען
און צו נאַטור זיך טוליען.
איז וואָס ס׳איז די אורזאַך
און וואָס ס׳איז דער צוועק,
איז וואַקאַציע אַ גוטע זאַך
פאַר אַ צייט צו זיין אַוועק...

## וואַקאַציע

מיט אויטאָס, „באָסעס” צי מיט באַנען,
אויך אויף שיפען, עראָפּלאַנען
פאָרען אידען פאַר א „רעסט”.
ווער עס פאָרט צום ים זיך באָדען,
ווער אין די בערג, מיט פּעק באַלאָדען,
און מען דינגט זיך אָן אויף קעסט.

אין דער זון א טייל זיך בראָטען:
אנדערע קילען זיך אין שאָטען —
אין פרייען שוים פון דער נאַטור
מען שפּילט ליבעס, קאָרטען, שאָך;
ביז שפּעט ביינאַכט איז מען וואך
אונטער הימעלשען לאַזור.

די גוטע צייט גייט גיך אוועק,
פון דעם אָפּרו נעמט אַן עק.
מען פּאַקט זיך שוין צוריקצופאָרען.
מ'קומט אַהיים מיט הויט צעברענט
קוים דאָס פּנים מען דערקענט.
גוט פאַרשוואַרצט איז מען געוואָרען!

דאָך, דעם אָפּרו אין דער פריי
האָט איעדער סיי־ווי־סיי
א לאַנגע צייט נאָך צו געדענקען.
און ווען מען האַלט שוין ביים פאַרגעסען,
ווערט דאָס שטאָט־לעבען דערעסען
און נאָך וואַקאַציע נעמט זיך בענקען...

## „גוד באַיי קאַנטרי
### (פּאַראָדיע)

כ׳קום אַרויס אויף דעם גאַניקל,
די קאַנטרי צו באַטראַכטען;
באַוואונדער איך די נאַטור
און אירע פּראַכטען.

שטיי איך אויף דעם גאַניקעל
זע איך גרינע בערג אַרום
צו דערציילען האָבען זיי אַ סך,
נאָר זיי זענען געבעך שטום...

לויפט פאַרביי אַ קליין חיה׳לע
און שטעלט אָן אויף מיר איר בליק,
ווי זי פרעגט: ווער דאַרף דיך דאָ?
און אנטלויפט גלייך צוריק.

אַ דין, צאַרט ווינטעלע
בלאָזט אויף מיר און גלעט,
און די ביימער שאָקלען זיך
מורמלען אַ געבעט.

שטייענדיג אויף דעם גאַניקל
געפילען טיפע רעגען זיך;
איך פאָר באַלד אַהיים צוריק,
מיט די בערג איך געזעגען זיך...

## דער ווינטער איז דאָ

ברוך הבא!
דער ווינטער איז דאָ.
שניי—טאָג און נאַכט
אַ מתנה געבראַכט.
ווייס, שיין און ריין
ביז שניי וועט צעגיין.
באַלד וועט די קעלט
ברענגען אַ וועלט...
פרעסט, זאַווערוכעס
און אַנדערע ברכות...
מדאַרף ווי עס פּאַסט
זיך באַציען צום גאַסט...
טראַכט זיך אַריין:
זאָל ערגער ניט זיין...

## דער ווינטער

אַ גאַסט איז דאָ, דער ווינטער ווידער,
יעדער פילט עס אין די גלידער,
זאָגען מענשען, יונג און אַלט:
— אוי ס׳איז קאַלט, — אוי ס׳איז קאַלט.
שטורם-ווינטען, פרעסט און שניי,
אין די גאַסען מאַרשירען זיי,
הוליען, טומלען, מאַכען שפּאַס,
מענשען ציטערען פון כעס...
ניט זיי פרעגען, צי זיי מעגען
זיך צעלייגען אויף די וועגען,
ברעכען, שטערען דעם פאַרקער
מאַכען מענשענ׳ס לעבען שווער.
קעגען ווינטער מענשען קעמפען,
גאָט זיי בעטען ער זאָל העלפען,
פון די הימלען זיך דערבאַרימען,
זאָל די זון גיך דערוואַרימען.
קאַלטער ווינטער זאָגט און לאַכט:
— מענשען, מענשען גיט אַ טראַכט
— וואָס ס׳טוט זיך אין סיביר...
— זייט צופרידען דאָ מיט מיר...

## חנוכה

יעדעס יאָר איז חנוכה
יום טוב פון באַנייאונג
דערמאַנט מען העלדען אידישע
קעמפּער פאַר באַפרייאונג.

איז דער נס פון חנוכה
וואונדערליך און הייליג
פון יענער צייט א זכר איז
געבליבען אונז אויף אייביג.

יעדען אָוונט — חנוכה
צינדט מען אָן די ליכטלעך
באַלייכטען זיי דעם לאַנגען וועג
אין אידישער געשיכטע.

פון דעם איד דעם וואַנדערער
געשלאָגען און געטריבען
דער נס מיט נסים אַנדערע
איז פול מיט זיי זיין לעבען.

האָבן אידען אַן אייגען לאַנד
און פילען זיך דערהויבען
על הנסים זאָגען זיי
זיי דאַנקען און זיי לויבען.

שיינער יום טוב חנוכה
ליב איז אונז און טייער
מיט גרויס כבוד געדענקען מיר
די קעמפער, די באַפרייער.

## ערב פסח

פארלאָזען האָט דער ווינטער
מיט די „זאווערוכעס",
זיין אָרט פארנעמט דער פרילינג
מיט מזל און מיט ברכות.

פונקט אין צייט ווי תמיד,
קומט דער חודש ניסן,
מיט דער גוטער בשורה
גיט ער אונז צו וויסען;

אַז דער אַלטער פּסח
איז נאָענט אויפ'ן וועג
ער קומט מיט אונז פאַרברענגען
אַכט יום-טוב'דיגע טעג.

נעמט מען רוימען, רייניגען
די היימען, זאַלען שיינען,
פאַר די טישען גרייט מען אָן
מצה שפייזען, וויינען.

אידען וועלען אויפנעמען
דעם פּסח מיט „באַנקעטען",
„מלכים" וועלען אויבען-אָן
זיצען אויף „היסב-בעטען". —

קינדער וועלען קשיות פרעגען
און וועלען בסוד טרוימען
פון דעם נביא אליהו
און פון דעם אפיקומן...

מען וועט דערציילען נסים
פון יציאת מצרים,
פון די פּרעות, די רשעים
וואָס געוועלטיגען עד היום.

וועט פּסח זיין אין היימען
ביי אָרים און ביי רייך,
חג שמח, ליבע אידען,
אַ גוט יום-טוב אייך.

# די עלטער

מיינע יאָרען, דאַכט זיך,
לויפען אַזוי שנעל;
אָט זע איך, באַווייזט זיך,
די עלטער ביי מיין שוועל.

אויף די אויגען ברילען,
דער קאָפּ איז היפּשליך גרוי,
מיט אַ קול אַ שטילען
זי זאָגט צו מיר אַזוי;

שלום עליכם חבר,
גיב דיין רעכטע האַנט;
דו ביסט דער בעל־דבר,
לאָמיר זיין באַקאַנט.

מירביידע שוין זענען
נישט קיין יונגעלייט,
געקומען בין איך וואוינען
מיט דיר פאַר אַ צייט.

מיר וועלען אויסאַרבעטען
אַ סדר מיט אַ פּלאַן,
איינער אָן דעם צווייטען
ניט מאַכען זאָל קיין שפּאַן...

ניט כאַפּען און ניט יאָגען,
ניט „וואוילגיין" צופיל;
דער עסק איז פאַר יוגענט
פאַר זיי איז דאָס אַ שפּיל...

מיר דאַרפען זיין געלאַסען,
נישטאָ זיך וואָס צו איילען;
מ'דאַרף זיך אויך צופּאַסען
ווי זיך צו פאַרווייל ען.

אַז מיר'ן לעבען ווי געפּלאַנט
און פאַרמיידען זאָרג און צאָרן,
זיין אינטערעסאַנט
וועלען די עלטער־יאָרען...

## דער רעטייערטער

מיסטער עקס האָט יאָרנלאַנג
געארבעט אין אַ שאַפּ,
צופרידן איז ער קיינמאָל
געווען מיט זיין דזשאַב...

געזאָרגט זיך און געיאָגט זיך
פון פרימאָרגן ביז דער נאַכט,
די בעסטע יאָרען זיינע
האָט ער אין שאַפּ פאַרבראַכט.

געהאָפט האָט ער, גע'חלומ'ט
צו זיין אַמאָל רעטייערט,
פון שאַפּ צו ווערען פּטור
און זיין אַ מענש אַ פרייער.

זענען זיך די יאָרן
די חדשים און די וואָכן
אַמאָל שנעל געלאָפן
און אַמאָל געקראָכן...

ענדליך איז די צייט געקומען
אַדאַנק דעם וואָס לעבט אייביג
מיסטער עקס רעטייערט איז
און דרייט זיך אַרום ליידיג...

לעצטענס אָבער זעט מען אים
אַרומגיין דערשלאָגען,
היתכן? פרעגט מען אים,
נעמט ער זיך באַקלאָגען:

אָן דאגות פרנסה טאקע
איז לעבען א מחיה,
נאָר ווער פארטראָגען קען די „מכה"
צייט אזוי פיל פרייע?...

## דאָס ליד פון רעטייערטע לייט

מיר האָבען ווי די שקלאַפן
געאַרבעט יאָרנלאַנג,
מיר האָבן פיל געשאַפן
מיט כוח און געדאַנק.

יענע צייט די טייערע
ענדליך איז פאַרביי,
מיט מזל מיר רעטייערען
מיר זענען פייגל פריי...

וואָס עפּעס היינט מיר טוען
מיר דאַרפן זיך ניט איילען,
מיר האָבן צייט צו רוהען
און אויך זיך צו פאַרוויילען.

מיר קומען זיך צוזאַמען
פאַרברייינגען ווי מיר ווילן
מיט פאַסיקע פּראָגראַמען
פון זינגען און פון שפּילן.

אַסך ווערט אונזער וויסן
באַרייכערט פון קולטור,
מיט הנאה מיר געניסן
פון פּראַכטפולער נאַטור.

נאָר געזונט, מ׳דאַרף ניט זאָרגן
שפּעטער וואָס וועט זיין
פאַרן היינט און פאַרן מאָרגן
חיונה קומט אַריין...

## אַ „פּראָבלעם"

אַ מענש איבער זעכציג
אָפּטמאָל ער טראַכט,
ער טראַכט און ער טראַכט
ביי טאָג און ביי נאַכט.

ער האָט געאַרבעט
יאָרען און יאָרען,
אַזוי לעבען געוואוינט
איז ער געוואָרען.

קומט אָן די עלטער
היינטיגע צייטען,
דאַרף מען דעם שטייגער
אַביסעלע בייטען...

דער שטייגער פון לעבען
כמעט ווערט אַ נייער,
אין דער צייט ווען מ'ווערט
פון אַרבעט רעטאַיערט...

ווען מען דערגרייכט
דעם דאָזיגען ציל,
איז פאַראַן צייט
פרייע צופיל...

איז דאָס „פּראָבלעם"
פון גרויסען באַדייט,
וואָס זאָל דער מענטש טאָן
מיט פיל פרייער צייט?...

# אונזער אידישע שפּראַך

א—אויף אונזער, אידישער,
ב—בכבודיגער שפּראַך,
ג—גערעדט האָבען אידען
ד—דורך דורות אַ סך.

ה—האַרציגע, אידישע
ו—ווערטער די ליבע,
ז—זיי ווערען מיט פיל
ח—חשיבות געשריבען.

ט—טראַכט דער איד—אידיש
י—יעדער זיינע מחשבות,
כ—כבוד צו לשון אידיש
כ—כבוד צו די אָבות.

ל—לעבט זיך צווישען פאָלק
מ—מאַמע-לשון גוט אוים,
נ—נייע ווערטער שאַפען זיך
ס—ס'לעבט אידיש אוית.

ע—עלטערט זיך אידיש פאָלק,
פּ—פּונקט אַזוי די שפּראַך,
פ—פאַרשטיין זיךביידע גוט
צ—צוזאַמען אונטער איין דאַך.

ק—קוויקן אידן זיך מיט אידיש
ר—רעדן, לייענען, זינגען
ש—שיין איז ס'אידיש וואָרט
ת—תמיד וועט עס קלינגען.

## שלום עליכם
(100 יאָר)

אויף דער גאָרער וועלט,
אין יעדען אידישען ישוב,
לייענט מען „שלום עליכם"
און מ׳ווערט ווי פאַרכישופט.

דער שרייבער געניאַלער,
דער הומאָריסט, דער עכטער,
האָט געבראַכט זיינע לייענער,
פיל פרייד און געלעכטער.

זיינע שאַפונגען זיינען
בע׳טעמ׳ט און געשפּאַנט,
די ראָמאַנען, די מעשיות,
פאָלקסטימליך, אינטערעסאַנט.

ס׳אידיש לעבען ער האָט
אין ביכער באַשריבען,
ליטעראַרישע פּערל
זיי זיינען פאַרבליבען.

דער וועלט האָט שלום עליכם
געגעבען פון בעסטען,
דערמאָנען אים מענשען
מיט כבוד דעם גרעסטען.

## אמאָל איז געווען

אין אנדענק פון
מיינע עלטערן ז"ל.

אמאָל איז געווען
א שטעטעל, ניט גרויס
איז דאָרטען געווען
א בעל-מלאכה'שע קלויז.
שניידערס און שוסטערס
סטאָליארעס און שמידן
פשוטע ארבעטער
ערליכע אידען.
געווען איז פרנסה
וואָס גאָט האָט געגעבען
געווען איז די קלויז
א טייל פון דעם לעבען.
ס'איז חרוב דאָס שטעטעל
ס'איז חרוב די קלויז
נישטאָ מער די אידען
דער ווייטיק איז גרויס...

## יזכור

דעם טאָג פון דער שחיטה
אין מיין שטעטל איך ווייס
דריי טאָג אין חודש אב
אין דעם יאָהר תוו שין בית.
א צאָל זענען דאָרטען
אומגעבראכט געוואָרען
צווישען זעקס מיליאָן
מיר האָבן פארלאָרען.
עס ווייטאָגט דאָס הארץ
עס פליסען די טרערען
אויף די פאַרלוסטען
די גרויסע, די שווערע.
זייער הייליגער אנדענק
וועט פארגעסען ניט ווערען
ביז ס'הארץ ס'צעווייטאָגטע
וועט קלאַפּען אויפהערען.
פון דעם לעצטען גרויסען חורבן
קאָן ניט שטיל ווערען דער רושם,
קלאָגען מיר און זאָגען יזכור
נאָך די אומגעקומענע קדושים.

# חרוביע שטעטלעך

(לזכרון)

װי זאַבאָקריטש מײַן שטעטל
אין דער אוקראַינע,
געװען זענען אַזעלכע
פיל שטעטלעך קלײנע.
די שטעטלעך געבונדען,
צעשפּרײט װי אַ נעץ:
קניאַזשע, מיסקיװקע,
װאַרכיװקע, טראַסטינעץ,
בערשאַד, אַבאַדיװקע,
פּעסטשאַנקע און אָלגאָפּאָל,
צװישען קיעװ און אָדעס
סטאַנציע קריזשאָפּאָל.
זיך אױסגעלעבט אידיש
האָבן דאָרטן די אידען,
געאַרבעט, געהאַנדעלט,
געפאָרען אױף יאַרידען.
רוצחים די שטעטלעך
געמאַכט האָבן חרוב,
פון גרױסע משפחות
ניט געבליבן קײן קרוב.
פײַנלעך און שרעקלעך
דער בראָך איז געװען,
זאָל אַזאַ אומגליק
מער ניט געשען.

## צו אַ פריינט

פריינט, חשוב'ער מיינער,
זיי ניט פאַרצווייפעלט;
דיינע דאגות מאַך ניט
פיל מאָל גע'כפל'ט.

דו גייסט אַרום תמיד
מיט אַ פּנים אַ „זויערס",
אויף יושר פאַרשוועכטען
שטענדיג דו טרויערסט...

אויף די אַרומיגע,
דו וואַרפסט אָן אַ מורא;
מיט דיין זיך באַקלאָגען
מיט דיין מרה שחורה...

דו זוכסט און געפינסט
אויף יעדען חטאים,
גלייך ווי די וועלט
איז פול מיט רשעים...

ניט אַלע מענשען
זענען פאַרדאָרבען,
ניט אַלע צדיקים
זענען געשטאָרבען...

עס זענען דאָ מענשען
גוטע, געטרייע,
אַנדערע צו העלפען
זיי לויפען אין פייער.

ס'דאָ גוטעס אין לעבען,
האָב, פריינט, דאָס אין זינען;
זיי ניט פאַרצווייפעלט,
מאַך אַ פרייערע מינע...

# לאַנדסמאַנשאַפט־ סאָסייעטיס

אידישע „סאָסייעטיס"
לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען,
עלענטע, פאַרלאָזענע,
זיי קלאָגען און זיי וויינען...

נאָך די פאַרשטאָרבענע
און וועגען די לעבעדיגע,
ביי אַ מיטינג זעט מען פיל
בענקלעך, בענקלעך ליידיגע.

געדענקט זיך נאָך די צייטען,
די צייטען די אַמאָליגע,
ביי די פאַרזאַמלונגען
לאַנדסלייט די אומצאָליגע.

אויפטאָן דעמאָלט פלעגען זיי
וויכטיג־גרויסע זאַכען,
בעלער, אונטערנעמונגען
אָפטמאָל פלעגט מען מאַכען.

לאַנדסלייט לאַנג־דערווייטערטע
פלעגען זיך דערקאָנען,
זכרונות פון דער היים דער אַלטער
פלעגט מען זיך דערמאָנען...

חרוב איז די אַלטע היים
די „סאָסייעטי" ווערט פאַרגעסען,
עס האָבען זיך די מיטגלידער
אַנדערע אינטערעסען...

די סאָסייעטיס, לאַנדסמאַנשאַפטן
ביים לעבען מ'דאַרף דערהאַלטען,
זאָלען זיי פאַר אַ זכר בלייבען
פון דער היים דער אַלטער.

## ערשט ווען...

(צו חבר און חברה משרת
פון לאָס אנדזשעלעס)

ערשט ווען האָבען מיר
געלערנט צוזאַמען
אין שטעטעל אין יענעם
פון וואַנען מיר שטאַמען.

ערשט ווען האָבען מיר
געוואַנדערט צוזאַמען,
דורך שטעט, דורך לענדער
און איבער ים׳ען.

ערשט ווען האָבען מיר
און די קלייניקע בעלא,
מיט אונזער געלעכטער
געלעכערט די סטעליע...

איצט מיר ביים אַטלאַנטיק
און איר ווייט ביים פּאַסיפיק,
וועגן אונזער פריינטשאַפט
נישטאָ איז קיין ספק.

איצט דעם מעזיניק
האָט איר אויסגעגעבען —
מיר קומען אייך ווינטשען
פיל נחת דערלעבען.

## דער יובל פון „פאַרבאַנד"

דער „פאַרבאַנד" אַ טיכטיגער,
ער טוט אַרבעט פיל,
די אַרבעט איז זעהר וויכטיגע,
הייליק איז דער ציל.

עס איז דער ציל, דער ריכטיגער
פאַר אידן ראשית כל,
צוקונפט זיין זאָל ליכטיגער
פאַר דעם גאַנצען כלל.

קומט דאָס יאָר, דאָס פופציקסטע
ווי ס'איז איינגעפירט
ווערט דאָס יאָר, דאָס איצטיגע
יובל פראָקלאַמירט.

מיטגלידער באַטייליגטע
אין דעם גאַנצען לאַנד,
פייערן פאַראייניגטע
דעם יובל פון „פאַרבאַנד".

## סידאר בעלארסקי

(אַ פּאָרטרעט)

סידאר בעלארסקי
דער קינסטלער, דער זינגער
ס'איז זיין נאָמען, אַ שם דבר
אַ לאַנדסמאַן אַ חבר
אַ היימישער מענש.
פון גאָט איז ער געבענשט
מיט אַ „כלי" אַ קול רינה,
ברענגט ער אידישע נגינה
צו די אידען אומעטום,
אויף דער וועלט פליט ער אַרום.
אָט איז ער דאָ — אָט איז ער דאָרט,
מיט אידיש ליד, מיט אידיש וואָרט,
באַגייסטערט דער עולם ווערט
בא זיינעם אַ קאָנצערט.
ווען אים זינגען דער עולם הערט
פּאַטשט מען, שרייט מען: בראַוואָ, בראַוואָ
עם „ישראל" באהבה.
און מען רופט אוים די לידער
וואָס מען וויל זיי הערען ווידער.
בעלארסקי קוקט ארויף, אראָפּ
שמייכעלט, שאָקעלט מיט זיין קאָפּ
טוט צוליעב, זאָגט ניט אָפּ,
זינגט און זינגט אויף זיין „באַם"
„יעשטשאָ מנאָגאָ, מנאָגאָ ראַז""
ער שטעלט צופרידען אַן אַ שפּאַס
אַזוי כסדר, ווידער, ווידער
אונזער חבר בעלאַרסקי סידאר.

## משה גלאזער
(אַ פּאָרטרעט)

אין תוך, און אויפ'ן „וויד,"
אַ שיינער איד,

אַ זאבאקריטשער,
פון דער אוקראַינע
אַ לאַנדסמאַן מיינער.

זיין זיידע האָט גוט געדאַווענט,
אין די קליינע אותיות
געווען בעהאַווענט.

און משה? אין אידישער קולטור,
און אין אידישער ליטעראַטור.
איז ער אַריינגעטון.

אַליין שרייבט ער טאַקע
און איז אונז מזכה

מיט שיינע לידער לירישע,
מיט פיינע „מייסעס" אידישע,

מיט ווייטע זכרונות,
מיט טיפע רעיונות.

ער ברייננט קרבנות
און צעשיקט מתנות...

שרייבט ער, שרייבט ער
פיל נחת קלייבט ער

סיי זומער, סיי ווינטער
כבוד פאַרדינט ער
משה גלאַזער.

## חיים פאנשעל
(א פּאָרטרעט)

א חבר א דאַאיקער
א משכיל און אמאָליגער

„אבראזאוואָני טשעלאָוועק"
א באוועגליכע ביבליאָטעק...

איך בין ניט זיכער
וויפיל ביכער
איינגעשלונגען האָט ער.

צו פארזאמלונגען לויפט ער,
בילעטען קויפט ער
צו לעקציעס, צו קאָנצערטען
פון קולטור ווערטען.

אויסגעוועזן איז ער א וועלט
ס'האָט אים היץ אָדער קעלט
ניט אָפּגעשטעלט.

ליב האָט ער
בריוו צו שרייבען,

פיינט האָט ער
שולדיג צו בלייבען.

א גוטער, וואַרימער איד
געוועזן איז ער תמיד
און איז עד היום
פ א נ ש ע ל ח י י ם.

## טיפער שניי

טיף אין מיין זכרון איז
מיין שטעטעל איינגעקריצט,
אַ שבת פון אַ ווינטער דאָרט
דערמאָנט זיך מיר גראָד איצט.
דאָס שטעטל איז באַדעקט געוואָרען
מיט אַ טיפען שניי,
פון שטיבער זיך אַרויסגעזען
די דעכער בלויז פון זיי...
איז קיין ברירה ניט געווען,
די נויט געווען איז גרויס,
מ'האָט טונעלן אין שניי געמאַכט
און פון די „פאַסטקעס" אַרויס...
פאַרשנייט געווען בית־המדרש,
פאַרשנייט געווען איז די קלויז,
יעדער איד געדאַווענט האָט
פאַר זיך אַליין אין הויז...
די קונדסים, בלויז זיי האָבען
געפרייט זיך מיט דעם שניי,
פילקעס פון דעם שניי געמאַכט
און געוואָרפען זיך מיט זיי...

## דער אַלטער סאַמאָוואַר

אין אַ קראָם פון אַנטיקען,
ציען זאַכען מענשענס בליקען,

צווישען זיי אַ „סאַמאָוואַר" אַן אַלטער
פון לאַנגע יאָרן שוין אַ קאַלטער.

דער „סאַמאָוואַר" דערמאָנט זיך היינט,
ווי אַמאָל האָט ער געשיינט,

ווי אַ קרוין אויף אַ טראָן,
מיט גרויס כבוד אויבענאָן...

זיך געטומעלט, זיך געבייזערט,
זודיג וואַסער אין די גלעזער

האָט זיך געגאָסען פון זיין „קרענטעל""
ווען מ'האָט געדרייט דאָס „הענטעל",

היינט, אַן שטאָלץ, איז ער באַליידיגט,
היינט, אַן גלאַנץ, איז ער צעוויייטיקט,

פון יסורים ווערט ער געפייניגט
וואָס זיין אָרט פאַרנעמט דער „טשאַיניק".

## יובילאַרן

אַ באָבע מיט אַ זיידען,
אַ געטרייע פּאָר;
לעבען זיך באַשיידען
גאַנצע דרייסיג יאָר.

די אַלע יאָרען אינגערע
אַ לאַנגע קייט פון נעכטענס;
טייל שווערע, אַ טייל גרינגערע,
טייל גוטע און טייל שלעכטע.

געליבט, געאַכט, געצערטעלט
האָט איינער דעם צווייטען,
אַמאָל איבערגעווערטעלט,
זיך באַלד איבערגעבעטען.

מענשען ליבעראַלע,
מיט אַן אידעאַל;
אידיש-נאַציאָנאַלע,
געאַרבעט פאַר דעם כלל.

די יאָרען שנעל זיי לויפען.
אַ יובל ווערט געפייערט;
אויף אַ שיין-שטילען אופן
ביי דער פאָר געטרייער.

## אין נאָענטער צוקונפט

קומען וועט באַלד
אַ נייע צייט,
אַזוי זאָגען
וויסענשאַפטסלייט.
אין דער צוקונפט,
דער ניט ווייטער,
וועט דעם אַרבעטער
מאַשין פאַרבייטען...
ס'וועלען געשאַפען
וואונדער־מאַשינען —
פאַר די מענשען
צו באַדינען...
זיי טוען אַרבעט
אָן חסרונות;
מיט חכמה מאַכען
זיי חשבונות...
מקוים וועט ווערען
דער חלום, דער טרוים;
באַהערשען וועט מען
דעם הויכען רוים...
וועט מען פליען
מיט ראַקעטען
אויף „וואַקאַציע"
צו פלאַנעטען...
און מען וועט אויך,
אָן אַ סכנה,
אַ טור מאַכען
אויף דער לבנה...
אַז הונגער וועט
זיך לאָזען פילען,
וועט מען שלינגען
אַ פּאָר „פּילען"...
וועלען פרויען
זיך ניט קאָכען,
זיין וועט יום־טוב
אינדערוואָכען...

## אַ בילד פון אַמאָל

אויף אַ בילד פון אַמאָל
אַ יונגער „פאַרשוין״,
אַ קאָפּ שיינע האָר
באַצירט ווי אַ קרוין...
די אויגען, דאָס פּנים,
פריילעך און מונטער,
דער מענטש אויפ׳ן בילד
אַ יונגער, אַ געזונטער...
קוקט מענטש אויף זיין בילד
פון מיט יאָרען צוריק,
קוקט ער און קוקט
מיט אַ פאַרשענדען בליק.
ער קוקט אויף זיין בילד
און קוקט אין שפּיגעל אַן זיך
און געפינט קוים אַ סימן
וואָס איז צו אים ענליך...

## ליד פון אַ מילכמאַן אין ישראל

בין איך מיר אַ מילכמאַן
אין דעם נגב געגענט;
ברענג איך מילך יעדען טאָג
אין טריקעניש, אין רעגען.
שפּאַן איך איין מיין אייזעלע
פרי אין די פאַרטאָגען,
און שטעל אריין די פלעשער מילך
אין מיין קליינעם וואָגען.
פרישע מילך יעדען טאָג
ברענגען מיר צו פירען,
איך שטעל אַוועק די פלעשער מילך
פאַר אידען ביי די טירען.
פאָר איך צוריק אַ פרייליכער,
ליידיג איז מיין וואָגען;
און איך מיט מיין אייזעלע
זינגען זיך אַ ניגון...

# 40 יאָריגער יובל פון
# זאבאקריטשער לאנדסמאנשאפט

**(דעצעמבער 23, 1962)**



**מאיר וועלטמאן** (אינמיטען) גרינדער און
פרעזידענט פון זאבאקריטשער לאנדסמאנשאפט
**סעם גראבוים** (רעכטס) פינאנס-סעקרעטאר
**רובי שאפירא** (לינקס) פראָטאָקאָל-סעקרעטאר
**שלמה וועלטמאן** (אין שפיגעל) נעמט בילדער
פון דעם עולם.

# אינהאַלט